Rok II. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 48.

די אדרעסע פֿון דער רעדאַקציע און אדמיניסטראַציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.
טעלעפֿאָן נומער 624
איינצעלנע נומער 8 העל.

# יודישע ארבייטער־צייטונג

ארגאַן פֿון דער סאציאַל־דעמאקראטישער פּאַרטיי.

ערשיינט יעדען פֿרייטאַג.

אבאָנאמענטס־פּרייז:
יעהרליך: 4. קראָנען.
האַלביעהרליך: 2. קראָנען.
פֿיערטעליעהרליך: 1. קראָנע.

פּרייז פֿון אַנאָנסען:
פֿיר יעדער שורה פּעטיט אָדער איהר פּלאַץ 10 העללער.

Kraków, piątek 2 marca 1906. נומר 48. קראַקוי, 2 מערץ 1906.

## גענאָסען, פֿערשפּרייט די „יודישע ארבייטער צייטונג"!

## די וואַהל־רעפֿאָרם און די סאָצ. דעמ.

שבת, דעם 24־טען ד. מ. איז אַבגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנפֿערענץ פֿון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־פֿערוואַלטונג, אין וועלכער עס האָבען גענומען אַנטהייל פֿיעל פֿערטרויאונגס־מענער. מען האָט ארויסגעגעבען דעם פּאלגענדען קאמוניקאַט:

מיר גריסען דעם רעגירונגס פּראָיעקט אַלס די פֿערווירקליכונג פֿון דעם עיקר פֿון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהל־רעכט, אַלס די ענדליכע בעזייטיגונג פֿון די קוריען און פּריווילעגיען־פּאַרלאַמענט.

ליידער אָבער איז דאָס גרויסע ווערק, וואָס בענייט די קאָנסטיטוציאָן בעשעדיגט פֿון גרויסע חסרונות אין די איינצעלנע בעשטימונגען. פֿאַר אַלעם מוז מען ווי אַם ענטשיעדענסטען פּראָטעסטירען געגען דעם פֿערלענגערן די זעסהאַפטיגקייט פֿון זעקס חדשים אויף אַ יאהר. די בעגרענצונג אין וואַהל־רעכט פֿון אַ טהייל אַרבייטער איז סותר דעם עיקר, אַז מען וועט ביי קיינעם ניט אַוועקנעהמען דאָס וואַהל־רעכט און איז ניט מעהר ווי אַ קאָנצעסיאָן צו גונסטען פֿון די אַרבייטער פֿיינדליכע קלעריקאַלע פּאַרטייען. געגען דעם בעשלוס וועלען מוזען ווי אַם ענטשיעדענסטען קעמפֿען די סאָצ. דעמאָקראַטישע אַבגעאָרדנעטע.

אָבער אויך דאָס איינטהיילען אויף די וואַהל־בעצירקען גיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע די אורזאַכע צו גערעכטיגע קלאַגען. אמת דער קאַמפּף פֿון דער אַרבייטער קלאַסע אום דאָס פּאָליטישע רעכט פֿון פֿאָלק האָט ניט קיין שום שייכות מיט דעם קורצזיכטיגען און קליינליכען נאַכיאָגען נאָך מאַנדאַטען, ווי עס ווערט פּראַקטיצירט ביי די בורזשואַזע פּאַרטייען אונטער דעם מאַנטעל פֿון נאַציאָנאַלע אינטערעסען. מען קאָן אויך איינפֿערשטעהן מיט דעם, אַז אין עסטרייך האָט מען זיך ביי דעם מאַנדאַטען־איינטהיילען געמחט רעכענען מיט די נאַציאָנאַלע שוועריגקייטען. אָבער דער רעגירונגס פּראָיעקט טרעט אַרויס איבער די ניטגלייכהייטען, וועלכע זענען היינט נויטהיג צוליעב די פּאָליטישע נאַציאָנאַלע און פּאַרלאַמענטאַרישע בעציהונגען. ער האָט פּראָפּאָנירט אַ קינסטליכע און נאַר איינפֿאַך געגען דער סאָצ. דעמאָקראַטיע געריכטעטע איינטהיילונגען פֿון די וואַהל־בעצירקען און וויל ווי ווייט מעגליך בעגרענצען דאָס רעפּרעזענטאַציאָנס־רעכט פֿון דער אַרבייטער קלאַסע צום גונסטען פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען. פֿאַר אַ פֿעהלער פֿון דעם פּראָיעקט דאַרף מען אויך רעכענען, וואָס די בעשטימונגען ווי אַזוי דורכצופֿיהרען די וואַהלען זענען אין פֿיעל פּונקטען ניט קלאָר און בעריקזיכטיגען ניט די רעזולטאַטען פֿון די פּראַקטישע ערפֿאַהרונגען.

מיר מוזען זיך אויך ווענדען געגען דעם, וואָס די רעגירונג האָט די וואַהל־רעפֿאָרם בעלאַסטעט מיט אַנדערע פֿאָרלאַגען, וועלכע זענען ווייניג ווערט און וועלכע וועלען נאָר שטערען די דורכפֿיהרונג פֿון דער וואַהל־רעפֿאָרם; די פּלאַנירטע רעגולאַמין־ענדערונג איז ניט קיין פּאַסיגע; דאָס געזעץ, וואָס דאַרף היטען די פֿרייהייט פֿון די וואַהלען, שטעלט זיך פֿאַר אין דער פּראָפּאָנירטער פֿאָרמע אַלס אַ געפֿאַהר צו מאַכען שווער יעדע פּאָליטישע אַגיטאַציאָן פֿון פֿאָלק. געגען דער פּרובע צוזונויפֿבינדען די געזעטצגעבערישע פּלאַנען מיט דעם וואַהל־רעפֿאָרםפּראָיעקט, וועט מען דאַרפֿען, נאַטירליך, אַרויסטרעטען.

די הויפּט אויפֿגאַבע פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַבגעאָרדנעטע און פֿון דער קלאַסען זעלבסטבעוואוסטע אַרבייטער בעפֿעלקערונג פֿון אַלע נאַציאָנען אין דעם גאַנצען שטאַט איז: שטרעבען מיט אַלע קרעפֿטען צו דעם, דער פּאַרלאַמענט פֿון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהלרעכט זאָל פֿערווירקליכט ווערען. מיט דער גאַנצער ענערגיע דאַרף מען אַרויסטרעטען געגען די שונאים פֿון דער וואַהלרעפֿאָרם, וועלכע בעהאַלטען זיך אונטער פֿאַלשע מאַסקעס. מען דאַרף אויפֿדעקען זייערע אינטריגען, מאַכען צו נישט זייערע ביטרע אָנפֿאַלען. דאָס אַלגעמיינע און גלייכע וואַהלרעכט וועט אויך אויסגלייכען די כלומרשטע הפֿובים פֿון די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, ווייל אַלע פֿעלקער וועלען בעקומען זייער רעכט, וועלכעס די פּריווילעגירטע קלאַסען האָבען ביי זיי אַוועקגענומען.

די פֿערטרויאונגס מענער פֿון דעם קלאַסען זעלבסט בעוואוסטען פּראָלעטאַריאַט פֿון אַלע נאַציאָנען אין עסטרייך וועלען ערנסט מתרה זיין די בורזשואַזע פּאַרטייען פֿאַר יעדע פּרובע צו פֿערשלעפּען נאָך אַמאָל די וואַהל רעפֿאָרם. דעם ניט בעקעמפֿטען פֿאַקט פֿון דעם היסטאָרישען מאָמענט, וועלכער האָט זאָגאַר די עסטרייכישע רעגירונג געצוואונגען צו געהן אין דיענסט פֿון דעם פֿאָלקס רעכט, מוז מען מיט דער גאַנצער ענטשיעדענהייט און ענערגיע פֿערווירקליכען און מיר רופֿען שוין היינט די אַרבייטער בעפֿעלקערונג, אַז אויב עס וועט זיין נויטהיג, זאָל זי מיט אַלע איהרע כוחות און מיטלען זיך בעמיהען, מען זאָל ביים פּראָלעטאַריאַט ניט אַוועקנעהמען די פֿרוכט פֿון זיין לאַנג יעהרינען און אָפּפֿערינגען קאַמפּף.

---

## די וואַהל־רעפֿאָרם פֿאָרלאַגע.

דער רעגירונגס פּראָיעקט בעשטעהט אויס 5 פֿאָרלאַגען: 1) אַ פּראָיעקט פֿון אַ געזעטץ, וועלכער שאַפֿט אָב איינעם פֿון די עיקרים איבער די רייכספֿערטרעטונג (די אבשאַפֿונג פֿון קוריען און וועלכען עס איז צענזוס); 2) אַ געזעטץ ווי אַזוי די וואַהלען זאָלען פֿאָרקומען; 3) איבער די אימוניטעט; 4) די ענדערונג פֿון דעם ביזהעריגען רעגולאַמין פֿון פּאַרלאַמענט און 5) בעשטימונגען ווי אַזוי צו שיטצען די וואַהלען אין די וואַהלפֿרייהייט.

וואָס אַנבעלאַנגט 1) זענען אָבגעשאַפֿען געוואָרען איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל די קוריען און וועלכער עס איז צענזוס. די וואַהלען דאַרפֿען איצט שטאַטפֿינדען אויף דעם סמך פֿון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהל־רעכט. דאָס רעכט צו וועהלען האָט יעדער מאַנסביל, וואָס איז אַלט 24 יאָהר און דאָס רעכט צו ווערען געוועהלט האָט יעדער וואָס איז אַלט 30 יאָהר. די וועהלער מוזען וואוינען אין זייער וואַהל־געמיינדע אַ גאַנצען יאָהר פֿאַר די וואַהלען (ביזהער 6 חדשים). די צאָהל פֿון די אַבגעאָרדנעטע איז געשטיגען פֿון 425 אויף 455. נאָך די לענדער נאָך קומט אַזוי אויס די צאָהל מאַנדאַטען:

| | איצט | ביז הער |
|---|---|---|
| בעהמען | 118 | 110 |
| דאַלמאַטיען | 11 | 11 |

## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm.** Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.

***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.

***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem Cena 2 korony.

**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa. Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka. — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.

***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.

***Mańkowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.

***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o **kwestyi** polskiej.) Cena 2 korony.

***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dyksztajn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.

**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.

**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.

**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.

***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej. — Dodatki). Cena 3 korony.

***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.

**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.

***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.

***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm Cena 2 koron 60 hal

***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I 1905. Cena 1 korona.

**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.

***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.

**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.

**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodnie Europie i Ameryce







Wydawca odpowiedzialny redaktor **Ignacy Gross.** Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie

# די עיקרים פון דער פאליטישער־עקאנאמיע.

III.

## די פערטהיילונג פון דעם אלגעמיינעם ארבייטספראדוקט.

אלע מענשען לעבען דורך דעם פערברויך פון די זאכען, וועלכע ווערען געשאפען דורך די טהעטינקייט פון די פראָדוקטיווע אַרבייטער. די אַרבייטס־פּרוכטען פון אלע פראָדוקטיווע אַרבייטער זענען אלזאָ גענוג ווי מיר האָבען שוין פריהער געוויזען, אויסצוהאלטען אלע מענשען. אָבער די פער־טהיילונג פון דיזען פּראָדוקט פון דער אַרבייט צווישען די איינצעלנע מענשען געשעהט נישט לויט נאָך דער מאָסע אַרבייט וואָס יעדער איינער לייסטעט— סיי דיזע ארבייט בעשטעהט אין פּראָדוצירען זאכען, סיי אין לייסטען פּער־זענליכע און אנדערע דיענסטען— זאנדערן יעדער איינער בעקומט אזוי פיעל ווי ער איז אים שטאַנדע צו קויפען. מיט אנדערע ווערטער, די סומע געלד וואס איינער האט אלס הכנסה, בעשטימט זיין חלק אין דעם סך הכל־דינגען אַרבייטס־פּראָדוקט.

עס זענען אָבער דא זעהר פערשיעדענע סאָרטען הכנסות. פריהער פון אלץ האָבען מיר די גרויסע קלאסע לאָהנאַרבייטער, וועלכע ווערען פון די אונטערנעהמער בעשעפטיגט פאר א טאָג — אָדער שטיקלאָהן; דאנן זעהען מיר מענשען וואָס ארבייטען פאר א פעסטען מאָנאַטליכען אָדער יעהרליכען געהאלט, ווי די פערשיעדענע רעגירונגסבעאמטע, האַנדעלסגעהילפען, לעהרער, גלחים, רבנים און דעסגלייכען; ווייטער האבען פיעלע מענשען זייער הכנסה דאדורך וואָס זיי קריגען בעצאהלט פאר יעדען דיענסט וואס זיי לייסטען, ווי דאקטוירים. דיזע אלע סאָרטען הכנסות זענען אין דעם עהנליך איינע צו דער אנדערער, וואס אין זיי איז די הכנסה דער לאָהן פאר א געלייסטערטע אַרבייט.

דאנן האבען מיר נאך די הכנסה פון די סוחרים, וועלכע ענטשטעהט דורך דעם פּראָפיט פון האנדעל מיט סחורות, ביי דיזע גילט דער כלל בילינ איינצוקויפען און טהייער צו פערקויפען. דער אונטערשיעד צווישען דעם איינקויפספּרייז און דעם פערקויפספּרייז געהט אין די קעשענעס פון די סוחרים, ער בילדעט זייער פערדיענסט, זייער הכנסה.

אין א געוויסער הינזיכט איז דיזע הכנסה אויך א סאָרט לאָהן, ווייל נאָך אַלעמען פערריכטען זיי דאָך, אונטער די היינטיגע אומשטענדען, מעהר אָדער וועניגער, ניצליכע אַרבייט, די ארבייט צו פיהרען דעם האַנדעל. מיר ווילען אבער דערמיט דורכאויס נישט זאָגען, אז מען דאַרף די פּראָפיטען פון האנדעל נאָר אהן שום טענות בעטראכטען אלס דעם לאָהן פון עהרליכער אַרבייט. שטיצענדיג זיך אויף די ערפאהרונגען פון דער אַלטער און בעזונדערס פון דער נייער צייט, מוזען מיר גראָד אין געגענטהייל בעהויפטען, אז די פערדיענסטען אין האנדעל זענען מעהר אונעהרליך אלס עהרליך, און אז ביי די היינטיגע צישטענדע פון דער געזעלשאפט קאָן מען ניכער ווי ווען עס איז פריהער אנווענדען דאָס שפּריכוואָרט פון דעם בעריהמטען אמעריקאַנער פרענקלין: „האַנדעל איז שווינדעל“.

ענדליך זעהען מיר נאָך, אז עס זענען דאָ הכנסות, וועלכע קומען נישט פון קיין שום ארבייט, נור פון פערמעגען. ווער עס בעזיצט א סומע געלד און לייהט זי אוועק, קריגט פּראָצענט; ווער עס בעזיצט א שטיק ערד, א פעלד, א פיש־יעזשערע און פערדינגט זי א אנדערען צו בענוצען זיך דערמיט, בעציהט דאפיר פאַכט־אָרענדע געלד. די געלדלייהער ווי די פּעכטער בענוצען דאָס געליהענע אָדער געפּאַכטעטע פערמעגען פאר פּראָדוקציאָנס־צוועקען, אויס דעם פּרעמדען פערמעגען וואָס זיי נעהמען פאר א בעשטימטע בעלאהנונג איבער אויף א געוויסע צייט, ציהען זיי פאר זיך א נוצען, דאדורך וואס זיי פערווענדען געקויפטע ארבייטסקראַפט. זיי פערשאפען זיך א הכנסה, וועלכע זיי וואָלטען אהן דעם קאַפּיטאַל נישט געהאט, זיי בעציהען אלזא א קאַפּיטאַל־געווינן, א טהייל פון וועלכען זיי מוזען אָבגעבען אלס פּראָצענט אָדער פּאַכט צו די געלדפערלייהער אדער פערפּאַכטער.

עס איז נישט דאָ אונזער צוועק צו אונטערזוכען אויב די קאַפּיטאַ־ליסטען און אונטערנעהמער פערטהיילען צווישען זיך גערעכט דעם קאַפּיטאַלס געווין; וואס מיר ווילען יעצט, איז צו ווייזען אז דאָס קאַפּיטאַל־געווין איבערהויפט איז איין אונגערעכטיגקייט, ווייל דורך איהם ווערט פערקלענערט דער חלק פון די אַרבייטער אין דעם סך הכל־דינגען פּראָדוקט פון זייער פּראַצע.

אלע אין געלד בעצויגענע הכנסות, אלץ איינס אויף וועלכען אופן עס ווערט ערוואָרבען, צו אלס לאָהן, האנדעלספּראָפיט, צו אלס פּראָצענט, רענט (הכנסה פאר פערדונגענע אונבעוועגליכע פערמעגען) ווערט פון בע־זיצער בענוצט אויף איינצוקויפען זאכען. ווען מיר זאלען יעצט איינטהיילען די הכנסות אין צוויי גרויסע אבטהיילונגען, אין הכנסות וואָס שטעלען סאָר א לאָהן פאר געלייסטעטע אַרבייט און אין הכנסות, וועלכע ווערען ער־וואָרבען אהן שום אַרבייט, איז עס קלאָר, אז דיזע ביידע אבטהיילונגען טהיילען זיך מיט דעם גאנצען פּראָדוקט פון דער ארבייט, דאדורך וואס יעדע פון דיזע אבטהיילונגען קויפט לויט נאָך דער גרויס פון איהר פערמעגען איין ענטשפּרעכענדען טהייל פון דעם פּראָדוקט פון דער ארבייט, פון די אויסגעאַרבייטעטע סחורות. וואָס גרעסער אלזאָ עס איז אין א נאַציאָן די הכנסה פון די יענינע וואָס טהוען נישט קיין אַרבייט, אלץ קלענער וועט זיין דער חלק פון די אַרבייטער אין דעם גאנצען ארבייטספּראָדוקט; פערקעהרט, וואָס קלענער דיזע הכנסה, אלץ גרעסער איז דער חלק פון דער עהרליכער אַרבייט.

---

אזוי האָט זי געענדיגט איהר הייראַטה אויס ליעבע!

פון דיעזען מאָן וועגען האָט זי אמאָל איהר פאָטער און מוטער פער־לאָזען און אָבגעזאָגט זיך פון איהר גאנצער פאַמיליע. זי האט איהם אזוי געליעבט, אז הונגער אין נויטה, זאָרג און אָרימקייט האָבען זי ניט געשראָקען נור מיט איהם צוזאַמען צו זיין. און אין די ערשטע סאָר יאָהר נאָך זייער הייראַטה, דאן ווען ער האָט נאָך ניט געניג אויף ברויט געהאַט, שטרעבענדיג זיין קאַריערע צו ערהייכען, איז זי געווען גליקליך. טהיילען מיט איהם ליידען איז פאר איהר אויך א פרייד געווען.

אָבער גראָד דאַן, ווען ביי איהם האָבען זיך בעסערע יאָהרען אָנגע־פאַנגען, ווען ער האט שוין זיין קאַריערע ערהייכט אַלס אינזשיניר און האָט אָנגעהויבען אין ניכען גרויסע געלד פערדינען, ווען ער האָט אָנגעהויבען שנעל ארויפצואַרבייטען זיך און איהם איז געלונגען רייך צו ווערען, האָט זי דאַן ערשט אמת'ן עלענד פערזוכט.

זיין רייך ווערען האָט איהם פון וועג אַראָבגעפיהרט. ער האָט אָנ־געהויבען שאַרלאַטאַנעווען, טרינקען, שפּיעלען, מיט פערקויפטע פרויענצימער זיין גליק טהיילען. און זי איז געווען עלענד אין די רייכע צימערען, צווישען פּרעכטיגע מעבעל און קאָסטבאַרע בילדער. אפילו בעקלאָגען זיך האָט זי ניט געטאָרט.

זי האָט דאָס ניט געקאָנט פערשטעהן; זי האָט דאָס ניט געקענט איריבערטראָגען און האָט איהם ניט געקענט פערצייהען.

אין יענע שמערצליכע שטונדען פון איהר לעבען, ווען זי האָט גע־עפענט איהרע אויגען און דערזעהען זיך פערלאָזען און עלענד און דערזעהען איהם אין די אָרעמס פון אן אנדער פרוי, דאַן האָט איהר ליעבע צו איהם אין גאַנצען אויסגעברענט אין איהר הארצען. אויף דעם פּלאַטץ פון ליעבע האָט זיך אָנגעצונדען אין איהר א גיפטיגער פלאם פון האַס, פון טויטליכען האַס. אין איהר יעדען בליק האָט געשפּריצט האַס געגען איהם, פעראַכטונג צו איהם, עקעל און אכשטויס. זי האט זיין אנוועזענהייט ניט געקענט פער־טראָגען, זיין בעריהרונג איז פאר איהר געווען ווי די בעריהרונג פון א מיאוס'ער בעשעפענים.

א קאַלטער שטאָלץ געגען איהם האָט זיך מיט דער צייט אויסגע־אַרבייט אין איהר און קאַלט און שטאָלץ פלעגט זי קוקען אויף איהם, מיט האַס און פעראַכטונג האָט זי איהם געענטפערט, ווען זי איז אליין געווען אזוי אונגליקליך. אזוי עלענד.

דיעזע האַלטונג איהרע האָט איהם ניט געשמעקט איצט ווען ער איז ביי זיך אזוי גרויס געוואָרען און האַלט זיך פאר אזאַ גרויסען העלד, פאר אזאַ רייכען עלעגאַנטען הערר, און שרעקליכע סצענעס פלעגען צווישען זיי פאָרקומען. ער פלעגט זי זוכען צו בעליידיגען, ער האָט זי אָנגעהויבען צו שלאָגען;— צו שלאָגען דערפאַר וואָס זי האָט זיין נאָהענטקייט ניט געקענט פערטראָגען, ניט דערלאָזען איהם הנאה צו האָבען פון איהר קערפּער.

און דאַן האָט זיך אָנגעהויבען זיין געזונקענהייט, גייסטיג און קערפּער־ליך. אין זיין אויסגעלאַסענהייט אויס וואוילטאָג, איז ער אזוי גייסטיג פער־קריפּעלט געוואָרען, אז ער האָט מעהר זיין אַרבייט ניט געקענט טהאָן, איז ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפען און האָט אָנגעהויבען צו טרינקען, צו שיכור'ן אויף דעם נידריגסטען אופן, וואַלגערען זיך אין די שמוציגסטע פּלעצער. אזוי ווייט געזונקען איז ער, אז אין איהם איז שוין געווען שווער דעם פריהערדיגען מענשען צו דערקענען. ער איז געוואָרען רוי, גראָב, מערדעריש־בייז ווי א ווילדע בעסטיע.

אזוי האָט זי געליטען יאָהר פאר יאָהר. איהר האַס בלויז האָט איהר

| | | |
|---|---|---|
| גאליציע | 88 | 78 |
| ניעדערעסטרייך | 55 | 46 |
| אבער עסטרייך | 20 | 20 |
| זאלצבורג | 6 | 6 |
| שטייערמארק | 28 | 27 |
| קארינטען | 10 | 10 |
| קראין | 11 | 11 |
| בוקאָווינא | 11 | 11 |
| מעהרען | 44 | 43 |
| שלעזיען | 13 | 12 |
| טיראָל | 21 | 21 |
| פֿאָראַרלבערג | 4 | 4 |
| איסטריען | 5 | 5 |
| גערץ | 5 | 5 |
| גראדיסקא | 5 | 5 |
| טריעסט | 5 | 5 |

אין גאַליציען זענען די מאנדאטען אַזוי פֿערגאַנדערנעטהיילט: די שטעט 18 מאַנדאטען: לעמבערג 4, קראקוי 3; צו איין מאַנדאט בעקומען: פשעמישל, סטאַניסלוי, טאַרנאָוו, בראָדי און זלאָטשאָוו, טאַרנאָפּאל און ברזעיאַני, קאלאמעא און בוטשאַטש, סטרי־דראָהאָביטש — סאַמבאָר—גרו־דעק, יאַראָסלוי—רישא סאנאָק— קראָסנאָ— יאסלאָ— גאָרליץ, באָכניא—וויעליטשקא— פאדגורז, נייסאנדעץ—ביאלא— וואַדאָוויצע. די איבריגע שטעדט וועהלען צוזאַמען מיט די דערפֿער 70 אבגעאָרדנעטע. נור דאָ איז געמאַכט אַן׳אויסנאַהם פֿאַר גאַליציען לויט דעם ראַטה פֿון דעם גראַף סאַטאַצקי. אין גאַליציען וועלען אויף׳ן דאָרף זיין פּראָפּאָ־ציאָנעלע וואהלען. אנשטאַט 70 וואהל־בעצירקען פּראָפּאָנירט די רעגירונג 35 צו 2 מאנדאַטען, שטימען קען מען אבער נור אויף איינעם. אויסגעוועהלט ווערט ווער עס וועט בעקומען מעהר ווי א דריטעל שטימען. אין קראַקוי און אין לעמבערג האָט מען אויסגעטהיילט די יודישע קוואַרטאַלען און בעשאַפֿען כמעט ריין יודישע וואַהל בעצירקען.

אין דעם 2־טען פּראַיעקט ווערען פֿאַרגעשריבען ווי אַזוי די וואהלען וועלען פֿאָרקומען. מיט דער אבשאַפֿונג פֿון די קוריען זענען די וואהלען געוואָרען איינפֿאַכער.

דער 3־טער פֿראַיעקט שאַפֿט אָב דעם ביזהעריגען געזעטץ, לויט וועלכען דאָס געריכט האט ניט געקאָנט ארויסטרעטען געגען אַן׳אַבגעאָ רדנעטען אהן דער ערלויבניש פֿון פּאַרלאַמענט. ער בעגרענצט אויך דאָס רעכט פֿון אינטערפּעלאַציאָנען. אין 4) ענדערט ער דעם ביזהעריגען רעגולאַמין פֿון פּאַרלאַמענט, בעוואָרינט פֿאַר אַן׳אָבסטרוקציאָן און ניט א גרויסע מאַכט אי־בער די אבגעאָרדנעטע דעם פֿאָרזיטצענדען פֿון פּאַרלאַמענט און ענדליך אין 5) זענען דאָ געזעטצען וועלכע זיכערן די פֿרייהייט פֿון די וואהלען און וואהל־פֿערזאַמלונגען.

די רעגירונג רעכענט, אַז די וואַהלען וועלען אויספֿאַלען לויט די נאַ־ציאָנען ווי פֿאָלגט:

| | איצט | ביזהער |
|---|---|---|
| דייטשע | 205 | 205 |
| טשעכישע | 99 | 87 |
| פּוילישע | 64 | 72 |
| רוטהעניִשע | 31 | 10 |
| סלאָווענישע | 23 | 15 |
| קראָאַטישע | 13 | 12 |
| איטאַליענישע | 16 | 19 |
| רומענישע | 4 | 5 |
| סך הכל | 455 | 425 |

*

מיר וועלען דאָ נישט געבען קיין אויספֿיהרליכען פּירוש אויף די מאַנכע זעהר פֿערוויקעלטע פּונקטען. מיר וועלען עס טהון די נעכסטע וואָך, דערווייל וועלען מיר מאַכען אויפֿמערקזאַם די לעזער אויף עטליכע מאָמענטען פֿון דעם פּראָיעקט. די צאַהל מאַנדאַטען פֿון די לענדער איז, ווי די לעזער זעהן פֿון דער טאַבליצע, אין ערגעץ נישט פֿערקלענערט געוואָרען, און מאַנכע איז זי זאָגאַר פֿערגרעסערט געוואָרען. א ענדערונג איז פֿאָרגעקומען נור ביי דעם איינטהיילען לויט די נאַציאָנען. און דאַ „פֿערליערען" אַם מעהרסטען די פּאָלאַקען, ווייל נישט קוקענדיג אויף די פֿערגרעסערטע צאַהל מאַנדאַטען פֿון גאַליציען איז די צאַהל פֿון די פּוילישע מאַנדאַטען פֿערקלענערט גע־וואָרען. עס שטאַמט דערפֿון, ווייל ביזהער האבען זיי אַוועקגענומען ביי די רוטהענער כמעט אלע מאַנדאַטען. איצט אָבער ביי אלגעמיינעם וואַהלרעכט וועט שוין קיין שווינדעל אין דער וועלט נישט קענען ארויסרייסען ביי זיי אַזוי פֿיעל מאַנדאַטען. און מען האט ווירקליך געטהון וואָס מען האט געקענט. די פּראָפּאָרציאָנאַלע וואַהלען אויף דער פּראָווינץ, די ריעזיגע וואַהל־בעצירקען אין מזרח גאַליציען און קליינע אין מערב גאַליציען, דאָס איז אלץ פּאָטאָצקי׳ס ארבייט.

---

# פֿעליעטאָן.

oooo

## דער זיעגער.

(אויס דעם דייטשען פֿון ה. פֿריינד.)

די בלייכע, פֿערמאָרעטע פֿרוי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף דעם טויטען, וועלכער איז געלעגען איצט לעבען איהרע פֿיס אויף דער ערד.

זי איז געשטאַנען א בעטויבטע, ווי עמיצער וואָלט איהר א זעץ געגעבען מיט וואָס אין קאָפּ. ער ליעגט צו איהרע פֿיס מיט אָפֿענע, פֿער־גלעזערטע אויגען אין זיין טויטען געזיכט, וואָס איז געל ווי וואַקס. אויס! איצט מאַטערט ער זי שוין מעהר ניט, פּייניגט זי ניט.

ער איז טויט! ענדליך טויט.

טויט איז דער מאַן, וועלכען זי האָט אַמאָל, יאָהרען צוריק, אַזוי גע־ליעבט מיט דעם גאַנצען פֿייער פֿון איהר יונגע ליידענשאַפֿטליכע הארץ און וועלכען זי האָט דערנאָך, אין זייער פֿערהייראַטהען לעבען אַזוי אָנגעהויבען צו האַסען, אַזוי האַסען, ווי קיין מענש האט נאָך ניט געהאַסט.

זי איז געבליעבען אַזוי פֿערזונקען אין איהר בעטויבונג. דער אבענד איז אָנגעקומען. דונקעל איז געוואָרען אין צימער, א נעדריכטער שלייער האָט פֿערצויגען די מעבעל און די ווענד פֿון צימער. די פֿרוי האָט דאָס ניט בעמערקט.

נאַכט איז שוין געוואָרען און שוואַרצע שאָטענס האָבען בעדעקט די רויטליכע קאַרפּעט אויף די דילען, די ווייסע גאַרדינען אויף די פֿענסטער, וועלכע האָבען אויסגעזעהען איצט אַזוי ווי רוחות און מתים פֿון יענער וועלט. אַזוי ווי זיי וואָלטען געשטאַנען דאָ אלס עדות צו־צוזעהען ווי האַרטהערציג א פֿרוי קען זיין.

אָבער זי האָט דאָס אַלעס ניט געמערקט. איהרע בליקען זענען געווען ווי צוגעשמידט צו דעם אונבעוועגליכען קערפּער פֿון דעם טויטען מאַן וועלכער איז געלעגען לעבען איהרע פֿיס. ער איז געפֿאַלען ווי א סנאָפּ, א געהירען־שלאַג האָט מיט איהם געטראָפֿען אקוראַט אין דער מינוט, ווען ער האט אויסגעהויבען זיין האנד און פֿערמאָסטען זיך איהר נאָך א זעץ צו געבען איבער׳ן קאָפּ, ווי עס איז אָפֿט געווען זיין שטייגער שרעקליך צו שלאָגען זי.

זי איז בעפֿרייט פֿון איהם איצט, פֿון איהר פּייניגער. זיין טויט האָט זי בעפֿרייט. אָבער אפֿילו זיין טויט קען אין איהר ניט ענדערען איהר האַס, דעם שרעקליכען צאָרען וואָס זי האָט געהאַט געגען איהם. צו שרעקליך האט זי געליטען, צו מערדעריש האָט ער זי בעהאַנדעלט, אַז זי זאָל איהם אפילו נאָכ׳ן טויט קענען מוחל זיין.

א שוידערליכער קרעכץ האָט זיך ארויסגעריסען פֿון איהר ברוסט ענדליך און זי האָט א מיעדע אראָפּגעלאָזען זיך אויף א שטוהל און האָט אריינגענומען איהר קאָפּ אין ביידע הענד, איהר קאָפּ, וועלכע איז אַזוי אלט געוואָרען יונגערהייט.

לאַנג איז זי אַזוי געזעסען און אין איהר קאָפּ איז דורכגעלאָפֿען איהר גאַנצער לעבען מיט ריעזען מאַן.

קלאסען נאך נישט אמאל א פיערטעל. די ארבייטער זענען לויט דעם דריי־מאל אזוי פיעל ווי די נישט ארבייטער. ווען מען זאל דעם רייכטהום פון גאנצען פאלק פערטהיילען לויט נאך דער קאפף צאהל, דאן וואלט די ארבייטער אננעקומען דריי פיערטעל פון דעם גאנצען פראדוקט, אדער פונקט צוויי מאל אזוי פיעל ווי היינט.

אבער דאס איז נאך נישט אלעס, די לאהנען און געהאלטען פון די ארבייטער זענען נישט גלייך. מאנכע ערהאלטען א פערהעלטניסמעסיג הויכען פערדיענסט, אנדערע נור אזוי פיעל אויף צו קאנען ווי עס איז דורכקומען, וועהרענד די גרויסע ארבייטער פערדיענען אזוי וועניג אויף קוים צו דערהאלטען די נשמה ביים גוף. עס איז ממילא פערשטענדליך, אז ווען דער הלק פון די ארבייטער אין כלל וועט דורך א גערעכטע פערטהיילונג פערדאפעלט ווערען וועט דער חלק פון דער צום ערגסטען בעצאהלטער גרויסער ארבייטער מאסע זאגאר פערדרייפאכט ווערען, אפילו ווען די נישט ארבייטענדע זאלען נאך קריגען זייער הלק פון דעם גאנצען פראדוקט.

פון דעם אויבענגעזאגטען איז לייכט צו זעהען, ווי דורך די היינטיגע געזעלשאפטס פראדוקציאנס און אייגענטהום פערהעלטניסען ווערען געשעדיגט די מאטריעלע און דאדורך אויך די גייסטיגע אינטערעסען פון די ארבייטער. יעדע עהרליכע אונטערזוכונג פון דיזע צושטענדע מוז פיהרען צו דער איבערציינונג, אז זיי זענען העכסט אונגערעכט און מוזען אבגעשאפט ווערען.

אבער די פערצאהלונג פון די ארבייטערס הכנסה איז נישט אלעס וואס וואלט אויפגעטהין ווערען אפילו נור דורך איין איינפאכען אויסגלייך פון די הכנסות פון די ביידע קלאסען. די הכנסה פון די קאפאליסטען וואלט לויט די צאהלען וואס מיר האבען אויבען געבראכט, פערקלענערט געווארען פון פינף אכטעל אויף איין פיערטעל פון דעם גאנצען נאציאנאל רייכטהום, אלזא דריי אכטעל פון דיזע סומע וואלט צוגעקומען אויף דעם ארבייטערס חלק. דאדורך וואלט פון די קאפיטאליסטען אבגענומען געווארען די מעגליכקייט צו געברויכען פיעלע ארבייטער פאר זייער פערזענליכען דיענסט און צו פאבריצירען זייערע לוקסוס ארטיקלען. דיזע בעפרייטע ארבייטסקרעפטען וואלטען געפינען בעשעפטיגונג אין דער פראדוקציאן, העלפענדיג אויף אזא אופן צו פערגרעסערען דעם נאציאנאלען רייכטהום און דאדורך אויך דעם חלק פון יעדען איינציגען.

דיזע צושטענדע, וועלכע מיר זענען אים שטאנדע צו בעווייזען מיט ציפערן פאר ענגלאנד, האבען זיך מעהר אדער וועניגער שטארק געבויט א נעסט אומעטום וואו דער קאפיטאליזמוס הערשט. איין ענדערונג קאן נור קומען דורך די ענדערונג פון די פערהעלטניסען, אלזא דורך די איינפיהרונג פון סאציאליזמוס.

---

# פון פראווינץ.

טארנאוו, דעם 25־טען ד. מ.

טראטץ דעם וואס ביי אונז איז זייט א געוויסע צייט ניטא קיין געווערקשאפטליכער סעקרעטער, ענטוויקלען זיך די ארגאניזאציעס זעהר גוט. אם בעסטען ארגאניזירט זענען די הוטען־מאכער, וועלכע געהרען אלע צו אונזער פארטיי; אויסער דעם די מיהל־ארבייטער, בעקער, שוסטער, כעמישע ארבייטער, האלץ־ארבייטער, פריזירער, קאפעל-מאכער געווינען מיט יעדען טאג א גרעסערע צאהל מיטגלידער. די יונגענדליכע ארבייטער טרעטען אויך אריין אין אונזערע רייהען און האבען שוין א צאהל־שטעלע. ספעציעל גוט ענטוויקעלט זיך די ארגאניזאציע פון מעטאל און גלאזארבייטער, וועמעס צאהל איז אין די לעטצטע עטליכע וואכען זעהר געוואקסען. אין גיכען וועלען מיר האבען אין אונזער ארגאניזאציע אלע ארבייטער פון די צוויי פאכען. עטליכע ווערטער וועגען אונזערע סעפאראטיסטען. אן דער שפיטצע פון דער „פארטיי" שטעהען 3 געוועזענע ציוניסטען: לאנדוי, קעלמאן און פעלדשטיין. איך האב ביזהער ניט געענטפערט אויף די פול מיט ליגענס קארעספאנדענצען, ווארטענדיג געדולדיג ביז זיי וועלען אויסנוטצען דעם גאנצען ארסענאל פון זייערע פלוידערייען. ווען איך האב אבער געהערט פון פארזיטצענדען זעלבסט, אז דער פעראיין שניידער עקזיסטירט כמעט נישט, האט מיר זעהר באנק געטהון איבער די ארגאניזאציע, וועלכע איז א מאל געוועזן אזוי שטארק, וועלכע האט געצעהלט העכער 150 מיטגליעדער און וועלכע פאלט איצט איין. כדי מען זאל אבער ניט זאגען אז דאס זאג איך אזוי פון כעס אויף די סעפאראטיסטען, וועל איך ברענגען ציפערן. מיט א יאהר צוריק, בעפאר די סעפאראטיסטען זענען אויפגעקומען פלעגען די הינע שניידער אריבער שיקען אין די צענטראלע יעדען חודש הונדערטער קראנען. איצט אבער לעזען מיר אין „ראבאטניק קראוויעצקי" נר. 4 (ז. 4) אז פון טארנאוו האט מען איבערגעשיקט פאר גאנצע 4 חדשים, ד. ה. פון סעפטעמבער ביז ניי־יאהר 11 קראנען, 79 העלער. אין אנדערע שטעדט, וואו די סעפאראטיסטען האבען אין דעם פאך ניט פארפיהרט קיין ארבייטער ענטוויקעלט זיך די ארגאניזאציאן אויסגעצייכענט און ביי אונז, וואו עס איז דא די פאבריק פון בראנדשטעטער, וועלכע בעשעפטיגט א ערך פון 100 ארבייטער און נאך קלענערע פאבריקען, וואו עס איז דא א גינסטיגער גרונד פאר די שניידער ארגאניזאציאן, פאלט זי אין גאנצען איין. דאס האט געבראכט די קורצע ארבייט פון די סעפאראטיסטען. נאך מעהר, זיי וועלען זאגאר ארגאניזירען יוגענדליכע. איינרעדענדיג זיי, אז זיי וועלען פארלעגען א לאנדעס ארגאניזאציע. אבער א יאהר איז שוין אריבער און די סטאטוטען זענען נאך אלץ ניטא. די סעפאראטיסטען ווארפען פערלוימדונגען אויף. אונזער פארטיי, אז זי פערהאלט כלומרשט די בעשטעטיגונג פון די סטאטוטען. נאטירליך איז עס א גידערטרעכטיגער בלבול. די סאצ. דעמאקראטען האבען ניט קיין פראטעקציאן ביי דעם שטאטהאלטער אדער מיניסטער. מיר וועלען אבער ווייטער ארבייטען, די צענטראלע ארגאניזאציאן זאל ברענגען ווי אם מעהרסטען נוטצען די יוגענדליכע ארבייטער.

באלכאב, דעם 25 פעבער 1906.

די באלכאבער פועלי ציוניסטען זענען שלעגער.

די ערשטע פועלי ציוניסטישע פערזאמלונג איז שטאטגעפונדען יענעם שבת. א מין פערזאמלונג. עס זענען אין גאנצען געוועזן 6 פועלי ציוניסטקעס. אונזערע גענ. זענען אויף דער פערזאמלונג אויך געגאנגען. אנשטאט א „רעפעראט" האבען מיר געהערט זידלערייען אויף אונזער פארטיי און אויף גענ. דאשינסקי. אונזערע גענאסען האבען גענען דעם פראטעסטירט און די פערזאמלונג איז זיך צוגאנגען. די פועלי שאוויניסטלעך האבען עפעס חשק געהאט אנצוהויבען ארגומענטירען מיט די הענד. אונזער גענאסען האבען אבער צו קיין געשלעג ניט צו געלאזען.

דעם שבת איז געוועזן די צווייטע פערזאמלונג, זענען אויך אונזערע עטליכע גענאסען געגאנגען. האט מען זיי א זאג געטהון, זיי זאלען ארויסגעהן און ווי זיי זענען ארויסגעגאנגען, זענען נאך עטליכע פיעלי שאוויניסטישע שלעגער און האבען זיך אויף זיי געווארפען. עס איז געווארען א געשלעג, און א האלבע שטונדע ארום זענען אנגעקומען א ערך פון 15—20 אונזער גענ. די פועלי ציוניסטלעך זענען זיך צולאפען. דער הויפט שלעגער איז געוועזן א ברוישגעכערס א זינדעל. איצט ווייסען מיר שוין ווי מיר דארפען קעמפפען מיט אונזערע פועלי ציוניסטען...

**א סאציאליסט.**

פשעמישל.

צוועלף יאהר איז אונזער שטאדט געוועזן אן א רב. מיר זענען ארום געגאנגען זעהר געקרענקט: „שטאטש אזא שטאט ווי פשעמישל זאל קיין רב נישט האבען". האט מען געהערט שרייען און רעדען. איך אליין האב אויך געמיינט, אז עס וועט גאר אנדערש ווערען, ווען מיר וועלען האבען א מאדערנעם פארטשריטענדעם רב. איך האב גערעכענט, אז א מאדערנער נשמה־פערזארגער וועט אויך טראכטען כאטש א ביסעל צו פערזארגען דעם גוף פון די אלטע אויסגעהונגערטע און אויסגעצערטע יודישע פראלעטאריער, וועלכע האבען זייערע כחות דעם מולך קאפיטאליזמוס פאר א קרבן געברענגט. איך האב מיר געטראכט. אז אזא מאדערנער נשמה פערזארגער וועט טראכטען, מען זאל פערזארגען די קליינטשיקע יודישע יתומים, וואס וואלגערען זיך ארום אין די גאסען. ענדליך נאך לאנגען ווארטען האבען מיר צו מזל פאר זעקס חדשים בעקומען ווי עס האט געהייסען א מאדערנעם רב. איך האב גערעכענט, אז אט וועלען זיך באלד אויף דער גאס וויזען אויפרופען, אז מען זאל זעהן צו מאכען א זיכער הויז פאר די אלטע געברעכליכע און איין אזיל פיר די קליינע ארימע יתומים, איך האב געווארט און געווארט ביז דעם פרייטאג האב איך ענדליך דערזעהן צוויי אויפרופען אונטערגעשריבען פון דעם הויפט נשמה־פערזארגער און פון די אנדערע כלי קודש. איך בין גיך צוגעלאפען לייענען, וואס זיי שרייבען. איהר זענט אודאי נייגעריג צו וויסען, וואס אויף די אויפרופען איז געשטאנען. אויף איין אויפרוף איז געשטאנען, מען זאל קיין ספר תורה נישט טראגען א היים צום דאווענען און אויף דעם אנדערן: מען זאל טראכטען צו האבען כשר'ע מצות אויף פסח... באנדע, האב איך מיר געטראכט, פאר דעם געהמט עטיך געלד!

מיר וועלען די זאך קלערער מאכען מיט א ביישפיעל. לאמיר אננעהמען, אז דער גאנצער פראדוקט פֿון דער ארבייט איז גלייך צו 100 בעשטימטע טהיילען, און עהנליך איז אויך די אלגעמיינע הכנסה גלייך צו 100 בעשטיממטע טהיילען. עס איז קלאָר אז אויף יעדען טהייל הכנסה קומט אויס איין טהייל פֿון דעם גאנצען פראָדוקט. אויב די הכנסה פֿון די נישט ארבייטענדע בעטרעפֿט 50 אזעלכע טהיילען, דאַן בלייבט פֿאר די עהרליכע ארבייט נור נאך 50 טהיילען, אלזאָ א העלפֿט פֿון דעם ארבייטס פראָדוקט, די אַנדערע העלפֿט נעהמען זיך צו די לעדיג־געהער. פֿאלט אָבער די הכנסה פֿון די דארמאָיעדניקעס אויף 25 טהיילען און די הכנסה פֿון די ארבייטער בלייבט אויף 75, דאַן קריגען די נישט ארבייטער נור איין דריטעל, די ארבייטער אָבער שוין צוויי דריטעל פֿון דעם גאנצען פראָדוקט.

אזוי שנעל אלזאָ ווי די הכנסה פֿון די לעדיגגעהער, דער קאַפיטאַל־געווין, הערט אויף, בעקומט יעדער ארבייטער א גרעסערען חלק פֿון דעם גאַנצען פראָדוקט, שוין אָבגערעדט פֿון דעם, אז אלע, וואָס לעבען היינט פֿון קאַפיטאַל געווין, וואָלטען דאַן געמוזט ארבייטען און דאדורך וואלט נאך מעהר פֿערג־עסערט געווארען די צאָהל פֿון די פראָדוקטען.

דער קאפיטאל געווין, אונטער וועלכען נאמען ער זאָל זיך אונז נישט בעוויזען, צו אַלס פראָצענט, רענט, פאכט, אדער קאפיטאל־געווין, פֿערקלענערט אלזאָ דעם חלק פֿון די ארבייטער אין דעם סך הכל־דיגען רייכטהום

דאָס אַלטע שפריכוואָרט: „פראָצענט נעהמען הייסט גנבענען", איז נאָך היינט אזוי אמת ווי אמאָל, ווארום יעדע הכנסה וואס קומט פֿון פראָצענט, רענט, פאכט אדער קאפיטאל געווין, נעהמט אוועק ביי דער ארבייט — סיי ביי די וואָס שאפֿען די עשירות מיט זייער פראצע, סיי די וואָס לייסטען פערזענליכע און דיענסטע לטובת הכלל — א טהייל פֿון דעם וואָס זייער ארבייט ברענגט איין.

מיר מיינען אבער דערמיט נישט צו זאגען, אז יעדער איינער וואָס נעהמט פראָצענט אדער פאכט איז פערזענליך א גנב. די שולד ליעגט אין דעם היינטיגען געזעלשאַפֿטליכען סיסטעם, וועלכעס איז דאס רעזולטאט פֿון דער געשיכטליכע ענטוויקלונג, און פֿאר די ענטשטעהונג פֿון וועלכען מען קאָן נישט האלטען פֿעראַנטוואָרטליך קיין פערזאָן, אדער אפילו קיין קלאַסע. געוויס איז די קאפיטאליסטישע קלאסע, אלס אַ גאַנצע פֿעראַנטוואָרטליך פֿאר די עקספלאָאַטאַציאָן און אונטערדריקונג, פֿיזישע ווי גייסטיגע, פֿון די ארבייטער און איז דער אבן נגף פֿאר די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט, און מען מוז זי דאריבער אבווימען פֿון וועג. אבער דאס מיינט נאָך ווייט נישט, אַז מען דארף זי דאריבער אייך האלטען פֿעראנטווארטליך דאפֿאר וואס זי עקזיסטירט איבערהויפט. עס איז אבער אויך נישט צו פֿערלייקענען, אַז יעדער וואָס פֿערמאָגט קאפיטאַל' אדער אפילו איין ארבייטער, וועלכער איז געווען אזוי גליקליך אָבצולעגען עטליכע גראָשען אין שפּאַרקאַסע און נעהמט דערפֿאר פּראָצענט, נעהמט אנטהייל אין דער פֿערקלענערונג פֿון דעם ארבייטערס חלק אין דעם סך הכל־דיגען פּראָדוקט פֿון דער ארבייט, דאדורך וואס דער טהייל וואס פֿאלט אויף די ארבייט ווערט קלענער דורך די סומע וואָס פֿאַלט אויף דאָס קאַפּיטאַל־געווין.

ווי גרויס דיזע פֿערקלענערונג פֿון דעם ארבייטערס הלק אין דעם אלגעמיינעם רייכטהום איז קאָנען מיר נישט וויסען, ווייל פֿאַר אונזער לאַנד האבען מיר נישט קיינע סטאַטיסטישע בעווייזען, לויט וועלבע מען זאָל דיזע פֿערקלענערונג קאנען אויסרעכנען. מיר קאנען אבער מיט זיכערהייט אננעהמען, אז אין דיזער הינזיכט שטעהען מיר נישט פֿיעל הינטער ענגלאַנד, און איבער דיזעס לאַנד גיט ראס ווערק פֿון דעם דאָרטיגען סטאַטיסטיקער דאָדלי באַרטעקס געגויע אויסקונפֿט.

פֿון די 800 מיליאָן פֿונט סטערלינג, וועלכע בילדען די נאַציאָנאַלע הכנסה פֿון ענגלאנד פֿאַלען 300 מיליאָן פֿונט אויף דעם חלק פֿון די ארבייטער, און 500 מיליאָן פֿונט בעציהען די איבריגע קלאַסען פֿון דער ענגלישער געזעלשאַפֿט אלס זייער הכנסה. דער חלק פֿון די ארבייטער בעטרעפֿט אַלזאָ נור דריי אַכטעל פֿון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, די איבריגע פֿינף אַכטעל קומען צו גוט דער בעזיצענדער קלאַסע. אויב דאָ איז פֿאַראַן אַ טעות, איז עס ניכער דעם אונטערשייד נאך גרעסער צו מאכען, ווארום וועהרענד די גרויסע הכנסות ווערען לייכט געשאצט קלענער ווי זיי זענען, ווערען די לאָהנען פֿון די אַרבייטער אנגעגעבען פֿון אַזעלכע קוועלען, וועלכע שאַצען זיי ניכער העכער ווי זענען אין דער אמת'ן[1].

אבער ערשט ווען מיר פֿערגלייכען די הכנסות מיט דער צאָהל מענשען וועמען זיי קומען אן, קאן מען ערשט ארויסזעהען די גאנצע אונגערעכטיגקייט וואס שטעקט אין דיזער פֿערטהיילונג פֿון נאַציאָנאַלען רייכטהום. מיט דעם קלענערען חלק, די דריי אכטעל, מוזען זיך בעגנוגענען 23 מיליאָן מענשען, וועהרענד דער גרעסטער חלק פֿון פֿינף אַכטעל קומט צו גוט נור זיבען מיליאָן מענשען. די ארבייטענדע קלאַסען מאַכען אלזאָ אויס אין צאָהל מעהר אלס דריי פֿיערטעל פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג און די איבריגע

[1]) די ציפֿערן פֿון דאדלי באַרטענס זענען שוין יעצט אַלט און נישט מעהר מאַסגעבענד. מיר האבען נישט אונטערן האַנד מעהר נייערע ציפֿערן צו ווייזען ווי דאָס פֿערהעלטנים איז יעצט אין ענגלאנד. אָבער זייט באַרטענס צייטען האָט דער קאַפּיטאליזמוס געמאכט ריזען פֿאָרטשריטע אין ענגלאנד און נישט פֿערפֿעהלט צו ברענגען מיט זיך זיינע לייבליכע קרובים: די אַנזאַמלונג פֿון געוואַלטיגע עשירות אין אלץ וועניגער הענד אויף איין זייט, און די אלץ גרעסערע פראלעטאריזירונג פֿון די פֿאלקסמאַסען. אזוי דאָס מען קאן מיט זיכערהייט זאָגען, אַז דאס פֿערהעלטנים אין דער פֿערטהיילונג איז יעצט נאך אַסך, אַסך אונגינסטיגער פֿאר די ארבייטער.

---

נענעבען די קראַפֿט, די טייפֿעלשע קראפֿט צו זעהן זיין מפלה, זיין געזונקענהייט און צו געפֿינען דעריין ראכע, ביטערע ראכע פֿאר זיינע האנדלונגען געגען איהר, מיט ניסטינער פֿרייד פֿלעגט זי זעהען, ווי ער ווערט אלץ מעהר פֿערקריפעלט פֿון טאָג צו טאָג, ווי ער ווערט אוים מענש. מעהר ווי מיט פֿיינדשאַפֿט האָט זי איהם ניט געקענט צאָהלען. ער האָט אָבער נאָך כח געהאט זי דערפֿאר צו פייניגען, יעדער איינער פֿון זיי האָט זיך געפֿרעהט פֿון דעם אַנדערען'ס אונגליק.

איצט האָט זי געזיענט. ער איז אַנידערגעפֿאלען א טויטער פֿון א נערווען־שלאַג אקוראט דאַן ווען ער איז זי בעפֿאַלען ווי א ווילדע בעסטיע. און אָט ליעגט ער צו איהרע פֿים.

ווי א בעטרונקענע פֿון גליק האָט זי זיך א הויב געטהאָן און איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער, דורך וועלכען עס האָט אריינגעלויכטען די ליכטיגקייט פֿון דער עלעקטרישער לאַנטערנע דרויסען. ווי העל, ווי ליכטיג עס שטראַהלט דער עלעקטרישער לאָמפּ! דרויסען איז ליכטיג. עס קען נאָך דער לעבען פאר איהר ליכטיג זיין איצט, ווען זי איז פֿון איהם בעפֿרייט געוואָרען. יא, זי קען דאָך נאָך לעבען און הנאה האָבען. זי איז אזוי אבגעקומען, אַזוי פֿערפֿינסטערט געוואָרען. צייט פֿון לעבען נאָך עטוואס געניסען.

ווי בעפֿרייט פֿון א שווערע לאַסט האָט זי זיך אויסגעגלייכט און געפרופֿט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ דורכגעהן דעם צימער, ווי זי וואָלט געוואָלט אליין זיך איבערציינען, אַז זי איז נאָך קרעפֿטיג, זי איז נאָך יונג. לעבען איז נאָך מעגליך. קינדעריש איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל.

אַ צושראָקענע איז זי אָפּגעטראַטען אַ שריט צוריק. וועה, ווי זי זעהט אוים! ווי געל, ווי אלט, ווי צוקנייטשט דאס געזיכט! אזוי אַלט, אזוי אָבגעלעבט און העסליך.

זי האָט אָבגעטראָטען און רעפֿיהלט ווי אין ברוסט וואָלט עפּעס פוסט געוואָרען. דער אינעווייניגסטער האָס האָט זי אויך פֿערצעהרט, האָט אויך איהר פּנים צוקרימט, אויך איהר קערפּער פֿערקריפּעלט. זי האָט ניט וועמען צו האַסען איצט מעהר, ער איז ניטאָ, אין דאָס וואָס האָט ביז איצט אָנגעפֿילט איהר ברוסט, דיעזער האַס און צאָרען געגען איהם איז געשטאָרבען מיט זיין טויט, אין ברוסט איז געבליעבען בלויז פּוסט. ניין, זי האָט גאָר ניט צו וואָס צו לעבען.

איהרע אויגען האבען זיך ווייטער א קעהר געטהאָן צום טויטען. זיין געזיכט איז רוהיג, שטיל, אויסגעגלייכט, עפּעס אזוי ווי א שמייכעל פֿון צופֿריעדענהייט וואָלט געשפּיעלט אויף זיין פּנים.

זי האָט זיך א כאפּ געטהאָן פֿאר'ן קאָפּ. זי האָט געפֿיהלט, אז זי ווערט וואַהנזיניג. אַ שרעקליכער געדאַנק האָט אַ בריז געטהאָן אין איהר קאָפּ.

ניט זי—ער האָט געזיעגט.

דאָס האָט ער אין טויט געפֿונען פֿריעדען, רוהע!

איהר גאַנצער קערפּער האָט זיך איצט צוגויפֿקנייטשט פֿון שמערץ דעם שרעקליכסטען שמערץ האָט איהר איצט ערשט דיעזער געדאַנק געבראַכט; אויך מיט'ן טויט האָט ער געזיעגט געגען איהר, איהם פֿעהלט שוין גאָר נישט. דאָס איז זי נור געבליעבען צו פּייניגען זיך, צו מאַטערען זיך. זי פֿיהלט דאס די שרעקען פֿון וואַהנזינן און ער איז זיך רוהיג...

ניט זי — ער האָט געזיעגט!...



קאָנפליקטען (641 שטרייקען אין 19 אויסשפּערונגען) די אַרבייטס איינשטעלונגע בעטרעפען 2610 בעטריעבע מיט 136,603 בעשעפטיגטע אַרבייטער: פון וועלכע 89,185 האָבען די אַרבייט אנידערגעלייגט; 425 זענען אַלס אַנגריפפ אין 100 אַלס אַבוועהרשטרייקען געווען. די רעשט 116 זענען אונבעשטימבאַר געווען ד. ה. 116 שטרייקס זענען נישט געווען פאַרבערייטעט: די אורזאַכען פון די אויפשטענדע זענען: אונצופרידענהייט מיט דעם לוין ביי 568, אונצופריעדענהייט מיט דער אַרבייטסצייט ביי 20'6, די ענטלאַסונג פון אַרבייטער ביי 18'4 איינע לוינרעדוצירונג (פערקלענערונג פון די שכרות) ביי 4'4 פראָצענט. פון די אַלע אַרבייטס איינשטעלונגען האָבען זיך געענדיגט 139 מיט 10,705 אויפשטענדינע מיט פאַלען אין 277 מיט 57,017 שטרייקענדע מיט טהיילווייזען ערפאָלג. 167 אויפשטענדע מיט 13,957 אַרבייטער זענען ערפאָלקלאָז פערלאַפען: אין 58 פעלען מיט 75,06 שטרייטענדע איז דער אויסגאַנג נישט בעקאַנט: די 19 אויסשפערונגען בעטרעפען 520 בעטריעבע מיט 14,817 בעשעפטיגטע פון וועלכע 13,528 זענען אויסגעשפּערט געוואָרען!

אָט די ציפערן גיבט דאָס האַנדעלס מיניסטעריום, וועלכעס זאָגט גלייכציטיג, אז דאָס איזט נאָר אַ פאַרלייפיגע דאַרשטעלונג פון דער שטרייקען בעוועגונג: די איינגע ציפערן זענען ווידער איין לעבענדיגעס בילד פון די אַרבייטער קעמפפער!

[.....ן]

# כראניק.

## אונטער דעם שאנדע קלאץ.

מיא האבען קיין מאָל נישט ערוואַרטעט, אַז די קולטוס געמיינדען זאָלען אויסער וואַהלשווינדען, אויסער גרעסערע סימפּעל שטייערן און פערשיעדענע אנדערע אָבצאַהלונגען, וועלכע ווערען פערווענדעט אַ ביסעל פאַר אַ רב אַ ביסעל פאַר שמתים מיט שוחטים און מקוות אין מאנכעס מאָל אַ ביסעל פאַר די קאהאַלניקעס אליין אויך, — אַז אויסער די זאַכען זאָלען זיי עפּיס וויכטיגערס קענען איינפיהרען. נור טראצדעם וואָס דאָרט זיצען די ראַפינירטיסטע היענעס, האָבען מיר דאָך געדענקט, ווען שוין נישט אין די גרעסערע שטעדט, געפינען זיך ווענינסטענס צווישען זיי אין די קליינע שטעטליך אַזעלכע, וואָס מען קען זייער גאנצע טאַקטיק און פיהרען פערטהיידינען מיט דעם פאַנאַטיזמוס: אבער דאס נאכשטעהענדע גיט אונז די בעסטע כאַראַקטעריסטיק און מיר קענען פריי זאגען, אַז איינס איז ווערט דאָס אַנדערע. איך וועל דאָ נאר דעם טריקענען פאַקט פאָרשטעלען און דעם אורטהייל לאָז איך די לעזער.

פאָריגע וואָך זענען צוויי רוסישע אָבגעריסענע יודען אין פשעמישלער אַרבייטער לאָקאל געקומען און מיט איין האַלב פערהינגערטער שטימע האָבען זיי געבעטען, מיר זאָלען זעה; ויי מיט וואס עס איז צו אינטערשטיצען ווייל שוין צוויי טאָג געהע זיי אין הינגער פון סאָנדאָווע ווישניע. איך האב זיי געפרעגט, צי זענען זיי געווע ביי קולטוס, איז געווען די אנטוואָרט: קולטוס האָט זיי עבען צו די ארבייטער געשיקט. אין דעם האָט מיר איינער פון זיי די פאָלגענדע וויזיט קארטע איבערגעבען:

אין איין זאַט איז פאָלגענד:

Benjamin Dennenbaum Cultussekreter, Sądowa Wiśnia

אין דער צווייטער זייט איז געווען דייטש אויפגעשריעבען:

Die Cultuskasse hat diesen Leuten gar nichts gegeben.

Sądowa Wiśnia $^{15}/_{2}$ 1906 Dennenbanm.

אין דאָס האָט געזאָלט זיין אַ צייגניס, מען זאָל די אָרימע אונטערשטיצען. נאר דאס איז נאָך ווייניג געווען האָט זיך ווידער איינער געוואָלט פאָרשטעלען און ווען די הונגעריגע מענשען] זענען צוגעקומען צו אַ געוויסען שראממער, האָט דער ווידער אנשטאט זיי עפּיס צו געבען איבער געלעזען די קארטע און דערצו צוגעשריבען:

Ich auch nicht Sramer

אָט אַזוי זעהען אויס די פאָרשטעהער, וועלכע וועלען באלד שרייען: „אחינו בני ישראל" און „כל ישראל חברים"

## זעקס פּויערים דערשאסען.

ווי די גאַליציאנער וואהלען וועלען אויסזעהן, ווי אזוי די ציזשעטע סטאַנציקעריע וועט פערצווייפעלט פערטהיידיגען איהרע רעכט [זאגאר געגען אָנגענומענע געזעטצען, צייגט אונז די פאָלגענדע קורצע אבער בלוטיגע דעפּעשע]: „בוטשאַטש, דעם 28-טען פעברואַר. היינט האט אין לאַדזקיע (בוטשאטשער פּאָוויאַט) דאס מיליטער אינטערוועניערט. ביי דעם אַרעסטירען די וואס האבען גענומען אַנטהייל און ניזשזיאָוסקען וויעץ האָט דאָס מיליטער עטליכע מאָל געשאָסען; עס זענען געפאלען זעקס הרוגים, פיעל זענען פערוואונדעט.

עס איז איבריג צוצוגעבען, אַז נאכדעם וועלען סומען אַרעסטען, געריכטען און עקזעקוציאָנען. דאָס מיליטער בלייבט שטענדיג גערעכט...

## א יודישע נאציאנאלע קוריע אין... רוסלאנד.

ווי די יודישע צייטונגען אין רוסלאנד בעריכטען האָט קרושעוואן, דער אָרגאַניזאטאר פון די יודישע פּאָגראמען אין קישענעוו דערלאַנגט צום מיניסטער אַ בקשה, מען זאָל פאר די יודען בעשאַפען אַ בעזונדער קוריע, כדי זיי זאָלען וועהלען בעזונדער. דער מיניסטער האט די בקשה אבגעזאָגט.]

די דאָרטיגע ציוניסטען האָבען זיך צו דער קוריע דיכט זיך נישט געברענט. ווען דאָרטען וואלטען אבער געווען אונזער ציוניסטישע קאריקאטורען? !!

---

# די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד

## גאפאן — א פראוואקאטאר.

נאַפּאַן איז פון דער ערשטער מינוט אָן געווען אַ געהייטניספולע פּערזאָן, אַ ספר החתום. פון איין זייט האָט מען געוואוסט, אַז ער האָט פאַר די יאַנואַר־טעג געהאַט בעציהונגען מיט דער פּעטערסבורגער פּאָליציי, פון דער אַנדערער זייט האָט מען די פּאַסירונגען פון 22־טען יאַנואַר געמוזט אננעהמען פאַר אַ וויכטיגע היסטאָרישע ערשיינונג. און אין ווי איז נאַפּאַן געווען דער הויפּט אַקטאָר. שפּעטער, אין אויסלאַנד האָט מען זיך שוין נאָר צוגעוואוינט צו זעהן איהם אַנ׳אמת׳ן רעוואָלוציאָנער און זאָגאַר — אַ סאָציאַליסט. מיט דער צייט אָבער ווען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד האָט זיך איבערגעוואַנדעלט אין אַ אָפענעם קאַמפף נעגען דער רוסישער רעגירונג איז זיין ראָלע געוואָרען אַלץ ווייניגער קלאָר, אַלץ ווייניגער פערשטענדליך. די לעצטע בריעף, וואָס נאַפּאַן האָט געשיקט פון אויסלאַנד צו די פּעטערסבורגער אַרבייטער, אין וועלכע ער האָט זיי מיט אַ מליצה־שפּראַך, מיט אַ קול פון אַ נביא מזהיר געווען די אַרבייטער, ווי זאָלען ניט צושטעהן צו די רעוואָלוציאָן — האָבען קלאָר בעוויזען, וואָס פון נאַפּאָנען איז געוואָרען.

איצט ווערט נאַפּאָנ׳ס געשטאַלט נאָך קלערער, איצט דערצעהלט מען שוין וואָס ער איז געווען און ווי ער האָט געפיהרט זיין טהעטינקייט. מען זאָגט אַרויס וועגען איהם אַזוינע „סודות פון חדר" וועלכע וואַרפען אַרויף שענדליכע פלעקען אויף זיינע מעשים.

אין „רוס" איז אָבגעדרוקט אַ בריעף פון נ. פּ. פּעטראָוו, וואָס איז געווען דער פאָרזיצענדער אין נעווסקער ראַיאָן פון דער רוסישער אַרבייטער־פערזאַמלונג. פון זיין שטעל האָט ער זיך איצט אָבגעזאָגט און ער דערצעהלט די אורזאַכען, וואָס האָבען איהם געצוואונגען אַרויסצוגעהן פון נאַפּאָנ׳ס אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע:

„נאָך דעם 17־טען אָקטאָבער 1905 יאָהר, אויף דער ערשטער פערזאַמלונג פונ׳ם צענטראַל־קאָמיטעט, האָט נאַפּאַן געזאָגט: „חברים! איך גיב אייך איף עסענען די אַבטיילונגען 1000 רובל איינענעס געלד, 4000 רובל האָט איהר, אַרבייט דערווייל מיט דעם געלד, דערנאָך וועלען מיר אַנדערע מיטלען געפינען. וועגען געלד, חברים, דאַגה׳ט ניט"..

אין דעצעמבער (1905) האָט דער פאָרזיצענדער פונ׳ם צענטראַל־קאָמיטעט וואַרנאָשאַוו געלייענט אַ חשבון פון די הוצאות. ער האָט אָנגעהויבען זיין רעדע מיט די ווערטער: „חברים: איהר ווייסט, אַז מיר האָבען געהאַט מך־הכל 4000 רובל און טויזענד האָט געגעבען נאַפּאָן, וועלכע ער האָט בעקומען ביים גראַף וויטע"...

„מיט אונזער אַרבייט האָט זיך עפּיס זעהר אינטערעסירט מאַטיושענסקי, וואָס איז כסדר געלאָפען צוליעב אונזערע ענינים צו וויטע׳ן אָדער צום מיניסטער טימיריאַזעוו׳ן.

„נאָך מעהר חשד האָט דערוועקט ביי אונז דער מאַטיושענקי דערפאַר וואָס איינמאָל האָט ער געבראַכט 3000 רובל, זאָגענדיג, אַז ער האָט איינעם אַ בעקאַנטען סוחר, אַנוועזענדער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט מנדב געווען אונז די סומע געלד און וועט שפּעטער נאָך געלד געבען. דערנאָך האָט ער טאַקע נאָך 3000 רובל געבראַכט. איך און דער הכר טשערעמאָכין האָבען זיך זעהר געוואונדערט — וואָס איז דאס פאַר אַ סוחר, וואָס גיט אזוי פיעל געלד, ניט וויסענדיג אונזער אַרבייט. מיר האָבען זיך אָנגעהויבען צווייפלען אין נאַפּאָנ׳ס עהרליכקייט. לאַנג צווייפלען איז אונז ניט אויסגעקומען. נאָכ׳ן 9־טען יאַנואַר 1906 יאָהר בין איך געקומען אין צענטראַל־קאָמיטעט. דער סעקרעטער קוזין איז געווען זעהר אויפגערעגט. ער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין אַ בעזונדער צימער און מיט אַ ציטערענדיגער שטים האָט ער אָנגעהויבען רעדען: „דו ווייסט, ביי אונז האָט זיך אַנ׳אומגליק געטראָפען, אונז האָט בע׳גנב׳עט מאַטיושענסקי, אונזער געלד בע׳גנב׳עט".

„וואָס פאַר אַ געלד?" — האָב איך געפרעגט.

„אַזוי איז די מעשה געווען — האָט מיר דער סעקרעטאַר געענטפערט: נאַפּאָן האָט בעקומען פון וויטע׳ן דורך טימיריאַזעוו׳ן ניט 1000 רובל, נור 30000 טויזענד האָט ער אָבגעגעבען אין אָקטאָבער. און די איבעריגע האָט ער איבער־געגעבען מאַטיושענסקי׳ן צו בעקומען. און ער פלעגט טאַקע בעקומען. געדענקסט, ער האָט געזאָגט. אַז עפּיס אַ סוחר גיט דאס געלד, אין אמת׳ן איז דאס געווען וויטע׳ס געלד. נאַפּאָן האָט געגעבען טויזענד רובל, מאַטיושענסקי 6000 — און די איבעריגע 23000 האָט מאַטיושענסקי מיט זיך אַוועקגעפיהרט"...

צום סוף שרייבט ה׳ פּעטראָוו, אַז איצט, בעת עס זענען ענטפלעקט געוואָרען די פינסטערע געגג נאַפּאָנ׳ס קאָן ער מעהר ניט בלייבען אין דער אַרבייטער אַרגאַניזאַציע. זיין כבוד און זיין געוויסען דערלאָזען עס ניט.

נאַפּאַן האָט עס נאָך ביז איצט ניט אָבגעלייקענט, כאָטש ער זיטצט אין אויסלאַנד, וואו די גאַנצע פּרעסע בעשעפטיגט זיך דערמיט, דערפאַר האָט זיך געאיילט מיט אַ הכחשה — וויטע. דאָס איז נאַטירליך נאָך מעהר פערדעכטיג.

---

# די ארבייטער וועלט.

## די שטרייקען אין עסטרייך אים יאהר 1905.

דאָס ערשיענענע יענער־העפט „סאָציאַלע רונדשוי" וועלכעס ווערט פון אַרבייטס־שטאַטיסטישען אַמט אים ק.ק. האַנדעלס מיניסטעריום אַרויסגעגעבען, ענטהאַלט אַ פאָרלייפיגע דאַרשטעלונג פון דער שטרייקען בעוועגונג אין עסטרייך אים יאָהר 1905. אין געגאַנטען יאָהר זענען צוזאַמען געווען 660 אַרבייטס